אויף די וועגן פֿון ייִדישן גורל

# דער מיטאָס גלות

עסיי

פֿון

## מ. צאַנין

# דער מיטאָס גלות

די פּראָצעסן, ווי אַזוי עס האָבן זיך קאָלאָניזירט שבטים און פֿעלקער אויף באַשטימטע טעריטאָריעס, זענען די פּראָצעסן פֿון בלוטיקע מלחמות, אין וועלכע עס זענען צומאָל אומגעבראַכט געוואָרן די באַזיגטע פֿעלקער אויף די אָקופּירטע טעריטאָריעס. אויך די ייִדן, אָדער די עברים, וואָס זענען אַרײַנגעדרונגען און אָקופּירט דאָס לאַנד כנען, האָבן דורכגעמאַכט אַן ענלעכן אָקופּאַציע־פּראָצעס, ווי עס האָבן דורכגעמאַכט אַנדערע פֿעלקער, ווי למשל, נאָכן פֿונאַנדערפֿאַל פֿון דער רוימישער אימפּעריע און בעת דער פֿעלקער־וואַנדערונג.

די כנענים זענען נישט געווען די ערשטע הערשער אין דעם לאַנד. ווי די כנענים האָבן באַזיגט די פּריִערדיקע אײַנוווינער אויף דער טעריטאָריע צווישן דעם חיתים־לאַנד און מצרים, אַזוי האָט יהושע בן־נון באַזיגט די כנענים און די עבֿרישע שבטים זענען געוואָרן די יורשים פֿון די כנענים — אַ לעגיטימער פּראָצעס לענגאויס דער גאַנצער געשיכטע פֿון מענטשן אויף דעם ערדקײַלעך. אָבער מיט די עבֿרים, ווי די באַהערשער פֿון דעם לאַנד כנען, האָט די מעשה געהאַט אַ יוצא־מן־הכּללדיקן יסוד:

אברם, שפּעטער אברהם, דער ערשטער עבֿרי, האָט פֿאַרנומען זײַן הויזגעזינד און זײַנע טשערעדעס, און פֿון זײַן היים אין אור כּשׂדים, זיך אַוועקגעלאָזט קיין ארם־נהרים און פֿון דאָרט צום דרום פֿונעם לאַנד כנען. אויך אָט די עמיגראַציע איז

ביזן היינטיקן טאָג אַ נאָרמאַלער שטייגער ווען מחמת טרוקעניש, אָדער פֿאַרפֿלייצונגען, אָדער אומרוען לאָזן זיך אַוועק מענטשן צו טעריטאָריעס מיט בעסערע באַדינגונגען פֿאַרן מענטש און פֿאַר זײַן סטאַדע. אין אָט אַזעלכע רעאַלע באַדינגונגען איז געשען אַ זעלטענער נישט־רעאַלער, מיסטעריעזער פֿאַל. וועגן דעם פֿאַל דערציילט אונדז די פּרשה **לך לך** פֿון ספר בראשית: גאָט איז געקומען צו אברמען און אים געזאָגט: „גיי אַרויס פֿון דײַן לאַנד, פֿון דײַן פֿאָטערלאַנד און פֿון דײַן פֿאָטערס הויז, צום לאַנד, וואָס איך וועל דיר אָנווײַזן". האָט אברהם אויסגעפֿאָלגט דעם צוו פֿון גאָט, גענומען זײַן ווײַב שׂרי, זײַן פּלימעניק לוט און זײַנע טשערעדעס און געגאַנגען אַ גאַנג. דאָ, אין לאַנד כּנען, האָט גאָט ווידער געזאָגט צו אברמען: „לזרעך נתתי את הארץ הזאת" — „צו דײַן זוימען גיב איך איבער דאָס לאַנד" (בראשית יב 7). אין דער זעלבער פּרשה **לך לך** האָט גאָט געמאַכט אַ ווײַטערדיקן שריט, און ער האָט מיט דעם ערשטן עברי פֿאַרשניטן אַ בונד אַזוי צו זאָגן: „צו דײַן זוימען גיב איך אָט דאָס לאַנד פֿון דעם טײַך מצרים ביז דעם גרויסן טײַך דעם טײַך פּרת — דעם קיני, און דעם קניזי און דעם קדמוני און די חיתי און דעם פּריזי און די רפאים און דעם אמורי און דעם כּנעני און דעם גירגשי און דעם יבוסי".

בכן איז דער פּראָצעס, ווי גאָט גיט איבער צו אברהם אבינו דעם שטח פֿאַר אַן אימפּעריע פֿאַר דער גרויסקייט און אויסשפּרייטונג פֿון דעם ייִדישן פֿאָלק, נישט קיין פּאָליטישער צי מיליטערישער פּראָצעס. ס'איז אַן איינמאָליקער איבערנאַטירלעכער פּראָצעס אין דער גאַנצער געשיכטע ווי פֿעלקער און שבֿטים האָבן זיך קאָלאָניזירט און קאָלאָניזירן זיך ביזן היינטיקן טאָג. דאָס באַהערשן די צוגעזאָגטע טעריטאָריע צוזאַמען מיט די פֿעלקער און שבֿטים, וואָס לעבן אויף דעם שטח, איז פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ געטלעכן ענין. מיט דעם כּוח פֿון אָט דעם געטלעכן בונד צווישן גאָט און אברהם, איז די געשענקטע טעריטאָריע אויף אַלע אייביקייטן דאָס אייגנטום פֿונעם ייִדישן פֿאָלק. אַפֿילו ווען דאָס לאַנד ווערט צײַטווײַליק אָקופּירט פֿון אשור, צי פֿון בבֿל אָדער מצרים, צי פֿון רוים, צי פֿון די די קרײַץ־פֿאָרער — בלײַבט דאָס לאַנד דאָס אייגנטום פֿון אברהם אבינוס זרע — פֿון ייִדישן פֿאָלק. דאָס לאַנד וועט צוריק ווערן מלכות ישׂראל אַזוי שנעל ווי משיח צידקנו וועט אויף אַ ווײַסן אייזל אַרײַנרײַטן אין די טויערן פֿון ירושלים. ייִדן פֿון ירושלים, ייִדן פֿון אַלע דורות און פֿון אַלע קאָנטינענטן וועלן זיך פֿעדערן אויפֿצושטיין תּחית המתים און עס וועט מקוים ווערן דער ענדגילטיקער קיבוץ־גלויות.

דער אויספֿיר דערפֿון איז: ביז משיח וועט קומען — מעג עס זײַן מאָרגן, אין אַ יאָר אַרום, אָדער אין הונדערט יאָר אַרום, צי אַפֿילו אין טויזנט יאָר אַרום, וועלן די ייִדן, צעשפּרייטע איבער דער גאַנצער וועלט, און אַפֿילו אין דעם גאָלדענעם אַמעריקע, זײַן אין גלות און זיי וועלן מתפּלל זײַן זוכה זיין צו דער גאולה. דעריבער איז פֿאַרשטענדלעך די דביקות פֿון אַ רעליגיעזן ייִד בײַם מתפּלל זײַן יעדן טאָג די תפילה "וירושלים עירך ברחמים תשוב ותשכון בתוכה כאשר דברת..."

יעדער ייִד, וואָס נעמט נישט אָן אָט דעם רעליגיעזן מיטאָס, איז אין די אויגן פֿון אַ באמת רעליגיעזן ייִד אַן אפּיקורס. וואָרום יעדער באמת רעליגיעזער ייִד ראַטיפֿיצירט מיט דעם עצם פֿון זײַן אמונה דעם בונד, וואָס גאָט האָט פֿאַרשניטן מיט אברהם אבינו און אַז מלכות ישראל וועט אָפּגעבויט ווערן מיט ביאת המשיח.

נישט בלויז די נטורי קרתא אין מאה שערים אין ירושלים און נישט נאָר די סאַטמאַרער חסידים זענען פֿײַנטלעך צו דער ציוניסטישער מדינה, וואָס האָט דוחק געווען דעם קץ און געשאַפֿן אַ מדינה פֿאַר ביאת המשיח. אויך אגודת ישראל, וואָס געניסט פֿון געוואַלדיקע פּראָפֿיטן פֿון דער פֿאַלש־משיחישער מדינת־ישראל, אָנערקענט נישט די מדינה דע יורע; זי אָנערקענט נישט די פֿאָן און דעם הימן פֿון דער מדינה, הגם אירס אַ מנהיג איז אונטערגעשריבן אויף באַנקנאָטן פֿון דער מדינה, ווײַל מטעם אגודת ישראל איז ער געווען דער פֿאָרזיצער פֿון דער פֿינאַנץ־קאָמיסיע פֿון דער כנסת.

נאַטירלעך — אָן פּאַראַדאָקסן גייט עס נישט: די קלאַסיקער פֿונעם ציוניזם זענען כּמעט אַלע געווען אַסימילירט און אַנטי־רעליגיעז, אויף אַזוי ווײַט, אַז טעאָדאָר הערצל האָט אין זײַן "יודענשטאַאַט", דעם "בלו פּרינט" פֿאַר דער מדינה פֿון ייִדן, געשריבן, אַז אין דער קומענדיקער ייִדישער מדינה וועט מען די רעליגיעזע נישט צולאָזן, זיי זאָלן האָבן אַ דעה אין פּאָליטישן און אין געזעלשאַפֿטלעכן לעבן, נאָר מען וועט זיי האַלטן איזאָלירט אין די בתּי־כנסת. און דאָ קומט דער פּאַראַדאָקס: **די אַנטי־רעליגיעזע ציוניסטן האָבן אָנגענומען דעם רעליגיעזן מיטאָס, אַז גאָט האָט צו ייִדן געגעבן דאָס לאַנד כּנען־ארץ־ישראל אויף תמיד און אייביק;** וועלכע אומוואַנדלונגען און געשיכטלעכע פּראָצעסן עס זאָלן נישט פֿאָרקומען אין דער וועלט, געהער ארץ־ישראל נאָר און אויסשליסלעך צום ייִדישן פֿאָלק. ייִדן, וואָס לעבן נישט אין ארץ־ישראל, הײַנט מדינת ישראל, לעבן אין גלות און זיי דאַרפֿן אויסגעלייזט ווערן אַפֿילו דורך געצוווּנגענער עליה (ווי עס פֿאָדערט דער אכזריותדיקער ציוניזם — ציונות האכזרית),

אָדער ווען משיח בן דוד וועט אַרײַנרײַטן קיין ירושלים אויף אַ ווײַסן הייזל אָדער אַרײַנפֿאָרן אין אַ שוואַרצער לימוזינע.

צוויי טויזנט יאָר גלות און צוויי טויזנט יאָר בענקשאַפֿט צו גאולה מיט מדינת ישׂראל וואָס האָט צוגעאײַלט דעם קץ...

קיין שום פֿאָלק אין דער וועלט פֿאַרמאָגט נישט אין זײַן שפּראַך אַזאַ באַגריף ווי "גלות", אין דעם זין ווי גלות ווערט דעפֿינירט דורך דעם ייִדישן פֿאָלק. פֿאַראַן אַ באַגריף ווי "באַניציע", "פֿאַרשיקונג", אָדער צײַטווײַליקע "עמיגראַציע" אויסצומײַדן רדיפֿות פֿונעם הערשנדיקן רעזשים. אַזעלכע מאָסמיטלען האָבן געהאַט באַגרענעצונג פֿון צײַט: אין צאַרישן רוסלאַנד פֿלעגן רעוואָלוציאָנערן זיך שיצן קעגן די רדיפֿות פֿון דער אָכראַנע און כּדי אויסצומײַדן פֿאַרשיקט צו ווערן קיין סיביר, פֿלעגן זיי אַנטלויפֿן אין דער שווײַץ און שאַפֿן די באַרימטע "עמיגראַציע". אין דער ערשטער העלפֿט פֿונעם 19טן י"ה האָט אַ גרופּע פּוילישע רעוואָלוציאָנערן בראָש מיט דעם שאַפֿער פֿונעם ראָמאַנטיזם אין דער פּוילישער ליטעראַטור, אַדאַם מיצקעוויטש, זיך געראַטעוועט פֿון רדיפֿות פֿון די צאַרישע אָקופּאַנטן פֿון זייער לאַנד, און געשאַפֿן די "פּוילישע עמיגראַציע" אין פּאַריז. אין פּאַריז האָבן זיי איבערגעוואַרט ביז זייער לאַנד וועט באַפֿרײַט ווערן. די "עמיגראַציע" איז געווען אַ קורצע, אין די ראַמען פֿון צענדליקער יאָרן, דאָך האָבן זיי באַוויזן צו שאַפֿן אַ פּוילישע משיחיש־מיסטישע באַוועגונג מיט דער ציפֿער "44". דערמיט האָט זיך פֿאַרענדיקט זייער גלות, פּונקט ווי דער "גלות" פֿון לענינען און טראָצקין אין זייער "עמיגראַציע" אין דער שווײַץ האָט זיך פֿאַרענדיקט מיט דער מאַרץ־רעוואָלוציע אין 1917.

דער ייִדישער גלות האַלט אָן קאַרגע צוויי טויזנט יאָר און ייִדן זענען נאָך אַלץ אין גלות אַפֿילו בײַ דער עקזיסטענץ פֿון דער ייִדישער מדינה...

אויב אָננעמען די טעזע פֿון גלות, ווי ייִדן באַצייכענען אים, פֿאַר אַלע פֿעלקער, וואָס זענען פֿאַרטריבן געוואָרן פֿון זייערע לענדער, אָדער זיי זענען אַליין אַנטלאָפֿן מחמת טריקעניש, פֿאַרפֿלייצונגען און אַנדערע קלימאַטישע סיבות, זענען אַלע מערבֿדיקע פֿעלקער אין גלות.

צוויי היסטאָרישע געלעגנהייטן האָבן ייִדן, בעת זייער לעבן אין גלות, דורכגעלאָזט צו האָבן אַן אייגענע מדינה אויף איינער פֿון די טעריטאָריעס פֿון זייער גלות. די "אינפֿראַסטרוקטור" פֿאַר אַזאַ מדינה איז איןביידע פֿאַלן געווען אַ פֿאַרטיקע. אָבער די ייִדן אין גלות האָבן די רעאַלע מעגלעכקייטן דורכגעלאָזט מחמת דעם בונד, וואָס גאָט

האָט פֿאַרשניטן מיט אברהם אבינו צו געבן אים אַ לאַנד פֿון נחל מצרים ביז דעם גרויסן טײַך פרת אין בבֿל — אַ לאַנד־שטח פֿאַר אַן אימפּעריע. אין די ביידע תּקופֿות פֿון די דורכגעלאָזטע געלעגנהייטן איז דאָס ייִדיש לעבן אומעטום געווען באַזירט נאָר און אויסשליסלעך אויף רעליגיע. במילא האָבן זיי נישט געזען פֿאַר זיך קיין אַנדער לאַנד פֿאַר אַ פֿרײַ און זעלבשטענדיק לעבן ווי נאָר ארץ־ישׂראל, פֿון וועלכן ייִדן זענען פֿאַרטריבן געוואָרן נאָכן חורבן ירושלים.

די ערשטע געלעגנהייט צו גרונטפֿעסטיקן אַ ייִדישע מדינה איז געווען אין תּימן, דאָס לאַנד, וואָס די רוימער האָבן גערופֿן "אַראַביאַ פֿעליקס", "גליקלעך אַראַביע". די ייִדן אין תּימן זענען געווען דאָס אויבערשטע פֿון שטויסל אין אָט דעם דעמאָלט פּאַגאַנישן לאַנד. די ייִדן האָבן געפֿירט גרויסע געשעפֿטן נישט נאָר מיט די ישובים אויפֿן אַראַבישן האַלב־אינדזל, נאָר אויך מיט אַפֿריקע. אין יענער תקופֿה האָבן די מיסיאָנערן פֿון דער ביזאַנטישער קירך געפֿירט אַ העפֿטיקע קאַמפּאַניע צו באַקערן די געצנדינערישע אַפֿריקאַנער און די אַראַבישע שבֿטים צו דער קריסטלעכער רעליגיע. דאָס איז געווען נאָך פֿאַרן אַנטשטיין פֿון דער מאַכאָמעדאַנישער רעליגיע. האָבן זיך די קריסטלעכע מיסיאָנערן אָנגעזעצט אויפֿן אימאַם, דעם מלך און הערשער איבער דער יעמעניטישער אימפּעריע, אַבו קאַריבאַ, ער און זײַנע אונטערטאַנער זאָלן אָננעמען די קריסטלעכע רעליגיע. אויך די ייִדן זענען נישט געזעסן מיט פֿאַרלייגטע הענט. ווי ייִדן אין דער גאַנצער וועלט, האָבן אויך די ייִדן אין תּימן געזען די גרעסטע סכּנה פֿאַר זייער קיום אין קריסטנטום. האָבן זיי געפֿירט אַ קאַמף קעגן די קריסטלעכע מיסיאָנערן און אין דער זעלבער צײַט אַליין אײַנגעגלייגט וועלטן איבערצופֿירן אַפֿריקאַנער געצנדינער צום ייִדישן גלויבן. וואָרשײַנלעך זענען די הײַנטיקע פֿאַלאַשן און פֿאַלאַשמוראַס אור־אור־אייניקלעך פֿון יענע שוואַרצהויטיקע אין אַביסיניע, וואָס ייִדן פֿון תּימן האָבן זיי מגייר געווען. ווי די קריסטלעכע מיסיאָנערן האָבן אײַנגעלייגט וועלטן צו באַווירקן דעם הערשער, אַבו קאַריבאַ, ער זאָל אָננעמען די קריסטלעכע רעליגיע, האָבן דאָס זעלבע געטאָן די ייִדן, וואָס זענען אין קעניגלעכן הויף געווען פּאַן־בראַט מיט דעם מלך, און אַבו קאַריבאַ צוזאַמען מיט זײַנע זין און אונטערטאַנען האָבן זיך געלאָזט באַשנײַדן און זענען געוואָרן ייִדן.

אויב פֿון "אַראַביאַ פֿעליקס" איז נישט געוואָרן "יודעאַ פֿעליקס", דאַרף מען עס צושרײַבן דאָס פֿעלן פֿון אייפֿער ביי ייִדן צו שאַפֿן אַ "ייִדישע מדינה" אויסער ארץ־ישׂראל, און, שפּעטער, דאָס אַנטשטיין פֿון דער מאַכאָמעדאַנישער רעליגיע, וואָס

האָט איר מיסיאָן געפּראָוועט מיט דער שווערד אויף אַזאַ שטייגער, אַז נישט בלויז איז תּימן געוואָרן אַן איסלאַמישע מדינה, נאָר אויך אַ טייל ייִדן האָבן אָנגענומען דעם איסלאַם. אַן עדות דערויף, אַז ייִדן פֿון תּימן האָבן זיך געמישט מיט שוואַרצהויטיקע אין אַביסיניע, איז דער פֿאַקט אַז אין בלוט פֿון געוויסע ייִדן, וואָס זענען פֿון תּימן געבראַכט געוואָרן מיט דער מאַסן־עליה אין אָנהייב פֿופֿציקער יאָרן, האָט מען געפֿונען נעגראָידן אין ייִדן. דרך־אגבֿ, העברעישע באַגריפֿן האָבן זיך פֿאַרוואָלגערט אין שפּראַכן פֿון שוואַרץ־אַפֿריקע. איך אַליין האָב באַזוכט אין דרום־אַפֿריקע אַ שטעטל מיטן נאָמען צאַנין. דער נאָמען איז פֿון דעם אַראַמעישן "צנאָ" — קויש. אין צאַנין האָבן זיך געהאַט קאָנצענטרירט קוישן־פֿלעכטער. איז דער קויש געבליבן אין אַפֿריקע און דער באַגריף צנאָ איז געבליבן אין העברעיִש בלויז אין דער פֿאַרבינדונג מיט ספֿרים (צנא מלא ספרי). דער עיקר: ייִדן האָבן געהאַט אַ שאַנס פֿאַר אַן אייגענער מדינה אין דעם דרום־מערבֿדיקן טייל פֿון דעם אַראַבישן האַלב־אינדזל, בײַם אײַנגוס פֿונעם רויטן ים באַב־על־מאַנדעב. זייער טאָגטעגלעכע בענקשאַפֿט און די תּפֿילות צו ירושלים האָבן עס פֿאַרמיטן.

אַ צווייטן שאַנס צו שאַפֿן אַ ייִדישע מדינה, דאָס מאָל דרום־מערבֿדיק פֿון מזרח־אייראָפּע, האָבן ייִדן דורכגעלאָזט מיט דרײַ־פֿיר הונדערט יאָר שפּעטער. עס האַנדלט זיך וועגן דער כאַזאַרן־אימפּעריע.

אין דער זעלבער צײַט ווי עס איז אין אייראָפּע פֿאָרגעקומען די פֿעלקער־וואַנדערונג, האָבן זיך צום געביט פֿון דער הײַנטיקער אוקראַיִנע מיט קרים אַראָפּגעלאָזט כאַזאַרישע נאָמאַדישע שבֿטים. מיט דער צײַט האָבן זיי אַנטוויקלט זייער לאַנדווירטשאַפֿט און פֿיי־צוכט און אַנטוויקלט די אָרגאַניזאַציאָנעלע פֿאָרם פֿון אַ מדינה. בראש פֿון דעם שבֿטים־קאָלעקטיוו איז געשטאַנען דער האַגאַן און זײַנע פֿאַרטרעטער. צו די געצנדינערישע כאַזאַרן איז נאָך נישט געהאַט דערגאַנגען די עקזיסטענץ פֿון אַ ייִדישן גלויבן, אַ קריסטלעכן גלויבן און אַ מאַכאָמעדאַנישן גלויבן. אָבער צו די גײַסטלעכע פֿונעם איסלאַם און פֿון דעם ביזאַנטישן קריסטנטום איז יאָ דערגאַנגען, אַז אין צפֿון מערט זיך אַ פֿאָלק אָן אַ רעליגיעזן גלויבן. אויך צו ייִדישע גרויסע סוחרים אין מזרח און אין מערבֿ איז דערגאַנגען, אַז דאָס כאַזאַרן־פֿאָלק ווייסט נישט פֿון קיין האַנדל, פֿון קיין עקספּאָרט און אימפּאָרט און הייבט אָן צו בויען שטעט. אין גרעסערע צאָלן זענען ייִדן געקומען אין כאַזאַרן־לאַנד, פֿון אָנהייב נישט צו קאָנקורירן מיט די קריסטלעכע און מאַכאָמעדאַנישע מיסיאָנערן, נאָר כּדי צו מאַכן

געשעפֿטן און אונטערנעמען גרויסע אַנטוויקלונג־פּראָיעקטן. מיט זייער איניציאַטיוו פֿאַר אויפֿבוי, זענען ייִדן געוואָרן נאָענט צו די הערשנדיקע קרײַזן פֿון די כאַזאַרן, ווי בויער, באַראַטער, איבערזעצער, דאָקטוירים און צווישנלענדישע סוחרים. אַז צו די ייִדן איז דערגאַנגען, אַז די קריסטלעכע און מאַכאָמעדאַנישע מיסיאָנערן גליקן אָפּ ביַי די פּרימיטיווע, אַנאַלפֿאַבעטישע כאַזאַרן, האָבן אויך ייִדן אָנגעהויבן פֿירן זייער רעליגיעזע פּראָפּאַגאַנדע צווישן די הערשער, און פֿאַר אַלעם צו באַווירקן דעם האַגאַן, דעם מלך. דער כאַזאַרישער מלוכה־רעזשים איז געווען אַ טאָלעראַנטער אויף אַזוי ווײַט, אַז אין זייער העכסטן געריכט זענען נעבן די צוויי כאַזאַרישע ריכטער געזעסן אויך צוויי ייִדישע, צוויי קריסטלעכע און צוויי אַראַבישע שופטים. נישט וויסנדיק מיט וואָס יעדע רעליגיע שמעקט, האָט דער האַגאַן בולאַן גערופֿן צו אַ דיספּוט צווישן די דרײַ מאָנאָטעיִסטישע רעליגיעס; יעדער צד זאָל אַרויסלייגן פֿאַר אים, דעם האַגאַן, בולאַן, זײַן ״סחורה״, און די בעסטע פֿון אַלע סחורות וועט ער קויפֿן. אים איז לסוף געפֿעלן די ייִדישע רעליגיע, און ער האָט אָנגענומען דעם ייִדישן גלויבן און באַלד געלאָזט זיך מַל זײַן. צוזאַמען מיט דעם האַגאַן האָבן אָנגענומען דעם ייִדישן דת 4000 כאַזאַרן. די ייִדישע רעליגיע האָט זיך פֿאַרשפּרייט, בעיקר אין די העכערע געזעלשאַפֿטלעכע קרײַזן, אַזוי אַז דער האַגאַן עובדיה האָט אַפֿילו געבויט בתּי־תּפֿילות און ישיבֿות צו לערנען תּורה.

זעט אויס, אַז דער דיספּוט פֿון דעם כאַזאַרישן האַגאַן מיט פֿאַרשטייער פֿון די דרײַ מאָנאָטעיִסטישע רעליגיעס — ייִדישע, קריסטלעכע און איסלאַמישע, האָט געהאַט אַ שטאַרקן אָפּקלאַנג צווישן ייִדן. וואָרעם דער דיספּוט האָט שפּעטער, אין צוועלפֿטן יאָרהונדערט, סטימולירט דעם דיכטער, תּלמיד חכם און מיסטיקער יהודה הלוי, אָנצושרייבן זיין בוך ״אַל כאַזאַרי״, אין אַראַביש, וואָס איז איבערזעצט געוואָרן דורך יהודה אבן טיבון אויף העברעיִש אונטערן נאָמען ״כּוזרי״. בדרך הטבע, ווען עס האַנדלט זיך אין אַ לאַנד, וואָס איז באַהערשט פֿון געוועזענע געצנדינער, וואָס האָבן אָנגענומען דעם ייִדישן גלויבן, וואָלט דער מחבר פֿונעם ״כּוזרי״ געדאַרפֿט נעמען אַ פּאָליטישע און נאַציאָנאַלע שטעלונג. אַ קלייניקייט? אַ טעריטאָריע באַהערשט פֿון ייִדן נאָך דעם ווי זיי האָבן מיט מער פֿון טויזנט יאָר צוריק פֿאַרלוירן זייער לאַנד אין מזרח. דער רעליגיעזער יהודה הלוי באַרירט נישט אין זײַן ווערק, נישט דעם פּאָליטישן און נישט דעם נאַציאָנאַלן אַספּעקט. דאָס בוך איז אַ דיאַלאָג צווישן דעם מלך פֿון די כאַזאַרן מיט פֿילאָזאָפֿן וואָס פֿאַרטיידיקן די שטעלונג פֿון די קריסטן און איסלאַמער.

יהודה הלוי אַנטוויקלט אין דעם ווערק זײַן אייגענע פֿילאָזאָפֿיש־רעליגיעזע תּורה. אַ דענקער, און דערצו אַ מיסטיקער מיט בענקשאַפֿט צו ארץ־ישׂראל, האָט אים גאָרנישט געקענט אײַנפֿאַלן, ייִדן זאָלן האָבן אַן אייגענע מדינה מיט אַן אייגענעם מלך ערגעץ־ווו בײַם שוואַרצן ים, און זיי זאָלן מוותר זײַן אויף ביאת המשיח, ווען אין ירושלים וועט אָפּגעבויט ווערן דער בית המקדש. אַ רעליגיעזער ייִד פֿון דעם שניט ווי יהודה הלוי וועט נישט מוותר זײַן אויף ״ירושלים עירך ברחמים תשוב...״.

פֿאַרוואָס עס איז אונטערגעגאַנגען די כוזאַרישע אימפּעריע — איז דאָ נישט דער פּלאַץ מאַריך צו זײַן, אָבער פֿאַרוואָס ייִדן, מיט זייער גאָר שטאַרקן אײַנפֿלוס בײַ די כאַזאַרישע הערשער, וואָס זענען געוואָרן הייסע ייִדן ביז אָפּהיטן די תרי״ג מצוות, האָבן זיך נישט אײַנגעשטעלט צו פֿאַרוואַנדלען די כאַזאַרישע אימפּעריע אין אַ ייִדישער מדינה, ווערט פֿאַרענטפֿערט מיט דעם זעלבן אַרגומענט, פֿאַרוואָס די ייִדן אין תּימן האָבן אין זייער צײַט נישט פֿאַרוואַנדלט ״אַראַביאַ פֿעליקס״ אין ״יודעאַ פֿעליקס״... ווײַל ווען גאָט האָט גערעדט צו אַבֿרהם, נאָך דעם ווי לוט האָט זיך געשיידט פֿון אים, און אַוועק צום ירדן־טאָל, האָט דער רבונו של עולם נישט אָנגעוויזן דעם ערשטן ייִד אין דער ריכטונג פֿון דעם האַלב־אינדזל קרים און צפֿונדיקער צו אוקראַיִנע, נאָר ער האָט אים אָנגעוויזן אויף צפֿון, דרום, מזרח און אין דער ריכטונג צום ים פֿון דעם פּלאַץ ווו ער איז געשטאַנען, ווו עס האָבן געלעבט די כּנענים און די פּריזים. האָט דער גאָטפֿאַרכטיקער אבֿרם אַזוי געטאָן, איבערגעטראָגן זײַן געצעלט קיין ממרה, וואָס אין חברון. איז ווי קענען גאָטפֿאָרכטיקע ייִדן גיין קעגן דעם רצון פֿון גאָט און זײַן תּורה און שאַפֿן אַ מדינה ערגעץ ווו אין אַ קרים צי אין אַ אוקראַינע?

ווי אויבן געזאָגט, האָט זיך נאָכן צעפֿאַלן זיך פֿון דער רוימישער אימפּעריע, אין פֿערטן יאָרהונדערט, אָנגעהויבן די פֿעלקער־וואַנדערונג. אייראָפּע איז פֿאַרפֿלייצט געוואָרן פֿון די הונען, פֿון די מיזרח־גערמאַנען, מיזרח־ און מערבֿ־גאָטן, לאַנגאָבאַרדן און וואַנדאַלן. זיי האָבן געשאַפֿן מדינות אין איטאַליע, שפּאַניע, צפֿון־אַפֿריקע. אָן צו באַזינען זיך אַז זיי געפֿינען זיך אין גלות, האָבן זיי אויפֿגעגעבן זייער פֿריִערדיקע נאַציאָנאַלע־ אָדער שבֿטים־אידענטיטעט און געוואָרן איטאַליענער, שפּאַניער, האָלענדער; די מערבֿ־ גערמאַנען האָבן זיך באַזעצט אין צפֿון־ און מיטל־אייראָפּע און געשאַפֿן נישט בלויז דײַטשע צענטערס, נאָר אויך די אַנגלאָזאַקסן. אָט די דראַמאַטישע אַנטוויקלונגען זענען פֿאָרגעקומען מיט הונדערטער יאָרן שפּעטער ווי עס איז חרובֿ געוואָרן דער צווייטער

בית־המקדש און די ייִדן זענען אַוועק אין גלות. פּרוּווט היינט זאָגן אַן איטאַליענער, אַ שפּאַניער, אַ דײַטש, צי אַ בעלגער, אָדער האָלענדער אַז ער איז אין גלות זינט דעם דריטן אָדער פערטן יאָרהונדערט, וועט ער אײַך אָנקוקן ווי אַ קאַנדידאַט באַהאַנדלט צו ווערן דורך אַ פּסיכיאַטער.

אויסער די אינדיאַנער, די אינקאַ און די מאַיאַ, זענען אַלע פעלקערשאַפטן אין די אַמעריקעס, די ווײַסהויטיקע, די שוואַרצהויטיקע און געלהויטיקע, נישט קיין אויטאָכטאָנע אויף דער ריזיקער יבשה. זינט קריסטאָפער קאָלאָמבוס האָט אַנטדעקט אַמעריקע, סך־הכּל מיט פינף הונדערט יאָר צוריק, זענען אַהין געפלאָסן פעלקערשאַפטן פון אַלע מעגלעכע ראַסן, שפּראַכן, רעליגיעס און לענדער. ס׳איז דאָרט דורכגעפירט געוואָרן די גרויסע שחיטה פון די אײַנגעבוירענע און דער רויב פון זייערע רײַכקייטן.

ווערליק דער ייִדישער דעפיניציע פון גלות, זענען אַלע פעלקער אין די אַמעריקעס, די ענגליש־רעדנדיקע, די שפּאַניש־ און פּאָרטוגעזיש־רעדנדיקע, די פראַנצייזיש־ און האָלענדיש־רעדנדיקע, די איטאַליעניש־רעדנדיקע, אַרײַנגערעכנט די ייִדן, אין אַ ביטערן גלות און זיי דאַרפן אויסגעלייזט ווערן...

טאָמער וועט איר זאָגן צו דער פאַמיליע ראָקפעלער, קענעדי, צו די געוועזענע פּרעזידענטן ניקסאָן, קאַרטער, רעיגען, בוש אָדער צום איצטיקן פּרעזידענט ביל קלינטאָן, אַז זיי אַלע זענען אין גלות און זיי דאַרפן אויסגעלייזט ווערן צו די פאָטערלענדער פון וואַנעט זייערע זיידעס האָבן עמיגרירט, וועלן זיי די טענה אָננעמען ווי אַ שלעכטן וויץ. אמת, ווען פּרעזידענט דזשאָן קענעדי איז געהאַט געפאָרן קיין בערלין, כּדי צו מאַניפעסטירן, אַז אַמעריקע שטייט הינטער דײַטשלאַנד, און קענעדי האָט אויסגערופן אין דײַטש ״איך בין בערלינער!״, האָט ער אויפן וועג קיין בערלין זיך פאַרהאַלטן אינעם דאָרף אין אירלאַנד, פון וואַנעט זײַן עלטער־זיידע, צי עלטער־עלטער־זיידע האָט עמיגריט קיין אַמעריקע. ער האָט עס געטאָן מתּוך כּבֿוד פאַר זײַנע אָבֿות, אָבער נישט מתּוך בענקשאַפט צו שיבֿת־אירלאַנד, כּדי אויסגעלייזט צו ווערן פון גלות אַמעריקע. אַפילו די שוואַרץ־הויטיקע, וואָס זענען געבראַכט געוואָרן קיין אַמעריקע מיט צוואַנג, ווי שקלאַפן־סחורה, און זיי זענען אויסגעשטאַנען דערנידעריקונגען, לינטש און די דראַמע פון צעשיידן פאַמיליעס מיט כּוח, אויך זיי וועלן קוקן ווילד אויף יענעם וואָס וועט זיי דערמאָנען, אַז זיי זענען אין גלות און זיי דאַרפן מתפּלל זײַן אויף שיבֿת־אַפריקע.

האָבן דאָך די אַמעריקאַנער ציוניסטישע מנהיגים געפירט אַ קאַמף מיט דעם

אפיקורס דוד בן־גוריון, וואָס האָט געהאַלטן, אַז די פּאַראייניקטע שטאַטן זענען פֿאַר די דאָרטיקע ייִדן אַ גלות און זיי דאַרפֿן זיך **רעפּאַטריירן** קיין מדינת־ישראל, כּדי אויסגעלייזט צו ווערן... האָבן די אַמעריקאַנער ציוניסטישע מנהיגים געוואָרנט בן־גוריונען, אַז אויב ער וויל האָבן די פֿינף־זעקס מיליאָן אַמעריקאַנער ייִדן ווי די פֿינאַנציעלע און פּאָליטישע שטיצערס פֿאַר מדינת־ישראל, **זאָל ער רעזיגנירן פֿון דער אידעאָלאָגיע, אַז אַמעריקאַנער ייִדן געפֿינען זיך אין גלות. זיי זענען מסכּים געווען דערויף, אַז די אַמעריקאַנער ייִדן זענען אַ טייל פֿון דער דיאַספּאָרע (פֿון דער צעשפּרייטונג) פֿון ייִדישן וועלטפֿאָלק**, וואָרעם נישט בלויז ייִדן זענען צעשפּרייט איבער דער וועלט, אויך די מערהייט אירלענדער לעבן אויסער אירלאַנד, כינעזער זענען אין אַ סך מיליאָנען צעשפּרייט איבער אַלע קאָנטינענטן, דאָך האַלטן נישט די אירלענדער, כינעזער און אַנדערע פֿעלקערשאַפֿטן אויסער זייערע היימלענדער, אַז זיי געפֿינען זיך אין גלות און זיי לעכצן נאָך אַ משיח, וואָס זאָל זיי אויסלייזן.

נאָכן חורבן ירושלים (אין 70סטן יאָר) האָבן אין דער רוימישער אימפּעריע געלעבט אַרום צוויי מיליאָן ייִדן. ייִדן זענען געקומען אָדער געבראַכט געוואָרן, ווי רוימישע שקלאַפֿן אין דעם לאַנד, וואָס איז הײַנט רומעניע, אַ סך פֿריִער ווי דאָרט האָט זיך באַזעצט די פֿעלקערשאַפֿט, וואָס האָט זיך אַסימילירט אין דער לאַטײַנישער קולטור און איר שפּראַך איז נאָענט צו לאַטײַן. ייִדן האָבן דערגרייכט איטאַליע און שפּאַניע און דאָס הײַנטיקע פֿראַנקרײַך מיט הונדערטער יאָרן פֿריִער, איידער אָט די טעריטאָריעס זענען באַהערשט געוואָרן פֿון די מערבֿ־גאָטן. ווי אַנדערע פֿעלקערשאַפֿטן האָבן באַזעצט טעריטאָריעס און עטאַבלירט מדינות, האָבן ייִדן געהאַט נאָך גרעסערע שאַנסן צו שאַפֿן אַן אייגענע מדינה אויף דער טעריטאָריע פֿון גאַליע, אָדער אויף דער טעריטאָריע פֿון דעם הײַנטיקן בעלגיע, אָדער האָלאַנד.

טעאָדאָר הערצל איז גרייט געווען צו שאַפֿן אַ ייִדישע מדינה אין דעם שוואַרצן אוגאַנדאַ, ער איז גרייט געווען צו שאַפֿן אַ ייִדישע מדינה אַפֿילו אין פֿײַער־לאַנד, אַרגענטינע. זאָל נאָר דאָס קאַטוילישע אַרגענטינע גרייט זײַן אָפּצוטרעטן אַ טייל פֿון איר ריזיקער טעריטאָריע פֿאַר ייִדן.

די הערצל־אידיי, צו שאַפֿן אַ ייִדישע מדינה, איז אויפֿגעקומען ערשט סוף 19טן יאָרהונדערט, ווען די וועלט איז שוין פֿון לאַנג געווען צעטיילט צווישן אָרגאַניזירטע פֿעלקער און סוווערענע מדינות.

פֿאַרוואָס איז די אידיי צו שאַפֿן אַ ייִדישע מדינה ערגעץ ווו אין דער וועלט, נישט

אײַנגעפֿאַלן װעלכן עס איז ייִד דעמאָלט, װען ריזיקע שטחים אין אײראָפּע האָבן נישט געהאַט קײן בעל־הבית און ייִדן זענען געװען אויסגעקאָכט אין אַלע װינקעלעך פֿון דער געװעזענער רוימישער אימפּעריע?

דער ענטפֿער איז: די אַחריות דערפֿאַר טראָגט די דעפֿיניציע פֿון „גלות", װי ייִדן דעפֿינירן זי. כּמעט אַלע עקזיסטירנדיקע פֿעלקער האָבן זיך אײַנגעפֿונדעװעט אויף טעריטאָריעס, װאָס זײ האָבן באַהערשט אין שװערע און אין בלוטיקע קאַמפֿן; װעדליק דעם נאַטור־געזעץ, אויך אין דזשונגל, אַז דער שטאַרקער איז מנצח דעם שװאַכן. די מלחמות צװישן די פֿעלקער אין אײראָפּע האָבן קײן מאָל נישט אויפֿגעהערט, מיט אַ הונדערטיעריקער מלחמה צװישן פֿראַנקרײַך און ענגלאַנד (אין 1337—1453), מיט אַ דרײַסיקיעריקער מלחמה מחמת רעליגיעזע װידער־אַנאַנדן (אין 1618—1648), צי מיט אַ זיבעצניעריקע הוסיטן־מלחמה (אין 1419—1436). אין די אַלע מלחמות, הגם ס'האָבן געקעמפֿט קריסטן קעגן קריסטן, איז גאָט געשטאַנען פֿון דער װײַטנס. ער האָט קײנעם גאָרנישט צוגעזאָגט, קײנעם נישט פּראָטעקציאָנירט, ביז דער שטאַרקער האָט געקוילעט דעם לעצטן פֿון די שװאַכע.

װי ס'איז דער שטײגער צװישן פֿעלקער, װען עס האַנדלט זיך װעגן מאַכט און ברויט, איז אויך די טעריטאָריע פֿון דעם לאַנד כּנען געװען אַ „פּלאַס ד'אַרם", װוּ פֿעלקער האָבן געפֿירט מלחמה און זיך געשאָכטן. אין דעם פֿאַל מיט כּנען האָט גאָט געהאַט זײַן פּלאַן אין פֿאַרבינדונג מיט דעם ייִדישן פֿאָלק און דעם פּלאַן רעאַליזירט דורך אברהם אבינו, װי איך האָב אויבן ציטירט פֿונעם הײליקן מקור.

דער בונד, װאָס גאָט האָט פֿאַרשניטן מיט אברהם אבינו, איז שפּעטער ראַטיפֿיצירט געװאָרן בײַם מעמד פֿון הר־סיני, װען משה האָט געזאָגט צום ייִדישן פֿאָלק אַזױ צו זאָגן אין דער פּרשה בא (שמות 5. יג): „...כי יביאך ד' אל ארץ הכנעני החיתי והאמורי והחיוי והיבוסי אשר נשבע לאבותיך לתת לך ארץ זבת חלב ודבש" — „...גאָט װעט דיך ברענגען אין לאַנד פֿון דעם כּנעני, דעם חיתי, און דעם אַמורי, און דעם חיוי און דעם יבוסי, װאָס ער האָט געשװאָרן צו דײַנע אָבֿות צו געבן דיר אַ לאַנד װאָס פֿליסט מיט מילך און האָניק".

פֿון דעם פֿאַרשריבענעם אין דער תּורה דרינגט אַרויס אַז דער טעכנישער פּראָצעס פֿון יהושועס באַזעצן דאָס לאַנד כּנען איז געװען װי אַלע אָקופּאַציע־פּראָצעסן צװישן פֿעלקער, דורך אַ בלוטיקער מלחמה, אָבער דער אויסגאַנג פֿון דער מלחמה איז פֿון פֿאָרויס געװען אַ באַשטימטער. יהושוע בן־נון האָט נישט געקענט, נישט אָפּהאַלטן

אַ זיג איבער די כּנענים, אויב גאָט האָט נאָך פֿריִער אַבֿרהמען געהאַט צוגעזאָגט אַז דאָס גאַנצע לאַנד וועט געהערן צו די ייִדן, זײַן פֿאָלק, און איידער די ייִדן האָבן זיך גערירט פֿון אָרט צו געפֿינען ערגעץ אַ מקום־מיקלט, האָט משה זיי דערמאָנט אין דער שבֿועה פֿון גאָט, אַז דאָס לאַנד כּנען ווערט געגעבן צו זיי אויף אייביקע צײַטן.

דער אויספֿיר איז אַזוי אַרום אַ קלאָרער, סײַ דע פֿאַקטאָ און סײַ דע יורע: דאָס לאַנד כּנען, אָדער שפּעטער ארץ־ישׂראל, **איז צו די ייִדן געגעבן פֿון גאָט, דאָס לאַנד איז אַ הייליק לאַנד און נאָר צו די ייִדן געהער דאָס לאַנד.** דעריבער: ווי די ייִדן האָבן אויף קיין איין רגע נישט פֿאַרגעסן, אַז זייער לאַנד איז ארץ־ישׂראל און צו דעם לאַנד וועלן זיי צוריקקערן מיט דער זעלבער הילף פֿון זייער גאָט, ווי זיי האָבן מיט זײַן ווילן זיך באַזעצט אין לאַנד כּנען. האָבן ייִדן געטראָגן מיט זיך בײדע: סײַ די תּורה און סײַ די תּפֿילה צוריקצוקערן קיין ארץ־ישׂראל. ווען? **ווען דער גואל וועט קומען.** און ייִדן טאָרן נישט צואײַלן דעם קץ. נאָר גאָט באַשטימט ווען און וואָס. וועט ער אויך באַשטימען די צײַט ווען די גאולה וועט קומען.

טעאָדאָר הערצל, דער אַסימילירטער ייִד, וואָס האָט נישט געהאַט קיין שום סענטימענטן בנוגע ארץ־ישׂראל, האָט נאָך אַלע פּרוּוון צו געפֿינען אַ טעריטאָריע צו שאַפֿן אַ ייִדישע מדינה, זיך אָפּגעשטעלט בײַ ארץ־ישׂראל, ווײַל — אַזוי שרײַבט ער אין זײַן בראָשור "דער יודענשטאַאַט" — ייִדן זענען מענטאַל צוגעבונדן צו אָט דעם לאַנד.

דער אויספֿיר דערפֿון איז: אַזוי ווי ייִדן האָבן זינט דעם חורבן פֿון בית־המקדש זיך אויסגעקוקט די אויגן צוריקצוקערן קיין ארץ־ישׂראל ווען משיח וועט קומען, איז ביז דעמאָלט זייער **רעליגיעזער סטאַטוס** אַזאַ אַז זיי געפֿינען זיך אין גלות. בײַ אַזאַ מצבֿ פֿון טיפֿן רעליגיעזן גלויבן, ווי האָבן זיי, אַרומוואַנדלענדיק איבער די אייראָפּעישע שטחים, פֿון קרים ביז די ברעגעס פֿונעם אַטלאַנטישן אָקעאַן, געקענט זיך באַזעצן אויפֿן שטח פֿון אַ שפּאַניע צי פֿון הײַנטיקן פֿראַנקרײַך און דאָרט בויען אַן אייגענע מדינה, ווי דאָס האָבן געטאָן די וועסטגאָטן און די אָסטגאָטן, וואָס האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט צו די אייראָפּעישע שטחים ערשט מיט דער פֿעלקער־וואַנדערונג אין פֿערטן י"ה? אויב דאָס פֿאַרטריבן ווערן פֿון ארץ־ישׂראל, אָדער זיך געפֿינען אויסער ארץ־ישׂראל אין דער צײַט פֿון חורבן און נאָכן חורבן הייסט לעבן אין גלות, וואָלטן זיי דאָך געוווען אין גלות אַפֿילו ווען זיי זאָלן האָבן באַהערשט, לאָמיר זאָגן, די שווייץ,

צי האָלאַנד, און זיך דאָרט באַזעצט ביז משיח וועט קומען. פֿאַר אַזאַ שווערן נסיון האָבן רעליגיעזע ייִדן נישט געוואָלט געשטעלט ווערן. והראיה: נאָכן ערשטן חורבן, ווען נעבוכאַדנעצער האָט די ייִדן פֿון ארץ־ישׂראל פֿאַרטריבן קיין בבֿל, האָט שפּעטער דער גוטער מלך כּורש דערלויבט די ייִדן צוריצוקערן קיין ארץ־ישׂראל. די ווײַט־גרעסטע מערהייט האָט באַשלאָסן צו בלײַבן אין בבֿל און זיי זענען געבליבן דאָרט ביז 1949, ווען דער איראַקישער (בבֿלשער) רעגענט נורי סאַיד האָט פֿאַר אַ פֿעטן באַקשיש און מיט אַנדערע מיטלען דערלויבט די ייִדן אויסוואַנדערן קיין ארץ־ישׂראל.

האָבן ייִדן מתפּלל געווען און זיך אויסגעקוקט די אויגן אויף ביאת המשיח. האָבן זיך וואָס אַן אמת דורך דער לאַנגער צײַט אַנטפּלעקט אַ צען־פֿופֿצן משיחים. ס׳האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז אַלע משיחים זענען געווען שאַרלאַטאַנען.

ציוניזם, די ציוניסטישע וועלט־באַוועגונג, האָט גאָרנישט געהאַט צו טאָן מיט רעליגיע. ווען דער טשודאַק נתן בירנבוים וואָלט נישט געעצהט הערצלען אָנרופֿן זײַן באַוועגונג פֿאַר אַ ייִדישער מדינה ״ציוניזם״, ווייס איך נישט ווי די באַוועגונג וואָלט זיך אָנגערופֿן. אפֿשר טעריטאָריאַליזם, אָדער מיט אַן אַנדער נאָמען! איז בנוגע דעם רעליגיעזן באַגריף ״גלות״ פֿאָרגעקומען אַן אויסטערלישע מעטאַמאָרפֿאָזע: די וועלטלעכע ציוניסטן, אַזעלכע וואָס מען קען אָן שום גוזמא אָנרופֿן אפּיקורסים, זענען נישט מקיים די מצוות פֿון דער תּורה, זענען מחלל שבת און זאָגן זיך נישט אָפּ פֿון אַ סטייק פֿון ״בשׂר קוויטש״, דווקא זיי האָבן נישט בלויז זיך פֿאַראייגנט דעם באַגריף פֿון גאָטס הבטחה בנוגע ארץ־ישׂראל פֿאַר דעם ייִדישן פֿאָלק, נאָר דעם באַגריף גלות האָבן זיי אַזוי דעמאָניזירט און זיך אַזוי פֿאַרמאָסטן אומצוברענגען די וווּנדערלעכע קולטור, וואָס ייִדן האָבן געשאַפֿן אין גלות, אויף אַזאַ אופֿן וואָס נאָר די שרעקלעכסטע שונאים פֿון ייִדן האָבן עס פּראַקטיש באַוויזן צו טאָן.

אויף צו מאָרגנס נאָך אונדזער גרעסטן חורבן אין אונדזער גאַנצער געשיכטע, האָט דער העברעיִשער שרײַבער, חיים הזז, אָנגעשריבן אַ פּאַשקוויל־סצענאַר קעגן דעם גלות. דער פּאַשקוויל איז אויפֿגעפֿירט געוואָרן אין ״הבימה״־טעאַטער אין תּל־אָביב אין די טעג ווען די ערד אין בירקענאַו, אין טרעבלינקע, אין סאָביבאָר און אין אַנדערע מאָרד־פּלעצער האָט זיך נאָך געטרייסלט איבער די מיליאָנען ייִדן אומגעבראַכטע דורך די נאַציס. אויף דער סצענע פֿון דעם נאַציאָנאַלן טעאַטער ״הבימה״, אין ארץ־ישׂראל, האָט חיים הזז דורך דעם מויל פֿון זײַן שונד־העלד יוספֿא פֿאַרשאָלטן דעם גלות מיט די קללות פֿון דער תּוכחה, וואָס איז שווער הײַנט צו ברענגען פֿאַרן מויל. מישט

אויף די פּרשה בחוקותי אין ספר ויקרא און איר ווערט לייענען ווי אַזוי אַ שרײַבער אַ שונדיסט פֿאַרשעלט די ייִדן אין גלות, און זײַן העלד זײַן שליח שרײַט אויס: פֿאַרברענט זאָל ווערן דער גלות און פֿאַרשאָלטן זאָל ווערן דער לעצטער ייִד, וואָס וועט בלײַבן אין גלות. כּדי די קללות זאָלן באַקומען אַ סצענישן אויסדרוק, איז אויף דער סצענע געוויזן געוואָרן אַ שׂריפֿה ווי אַזוי דער גלות פֿלאַקערט אין פֿלאַמען. פֿון דער שׂריפֿה אויף דער סצענע אינעם ״הבימה״־טעאַטער אין תּל־אָבֿיבֿ האָט איר באַקומען אַ מוסטער פֿון דער שׂריפֿה אין וועלכער די נאַציס האָבן פֿאַרברענט דאָס געטאָ אין וואַרשע...

מ׳דאַרף נישט האָבן קיין צו רײַכע פֿאַנטאַזיע זיך פֿאָרצושטעלן ווי עס וואָלט אויסגעזען מדינת־ישׂראל ווען דער ווונטש פֿון חיים הזז וואָלט מקוים געוואָרן, דער לעצטער ייִד אין גלות זאָל האָבן פֿאַרשאָלטן געוואָרן און דער גלות זאָל האָבן פֿאַרשוווּנדן אין פֿלאַמען...

אויך רעליגיעזע ייִדן קלאָגן אויפֿן גלות, אָבער גאָר אַנדערש פֿון די ציוניסטישע שלילת־הגלותניקעס; זיי קלאָגן און בעטן, נישט אויפֿן חורבן פֿון גלות, נאָר אויף דער גאולה, אויף ביאת המשיח, דער בית המקדש זאָל אָפּגעבויט ווערן. דער אמת איז אַז מער ווי דער גלות איז אויף די ייִדן אַרויפֿגעצוווּנגען געוואָרן, האָבן זיי אַליין גאָר היפּש אים גורם געווען. אָבער דאָס איז אַ קאַפּיטל פֿאַר זיך.

אינעם מצב פֿון גלות במשך טויזנט נײַן הונדערט יאָר האָבן ייִדן עקשנותדיק זיך געהאַלטן בײַ זייער אמונה, זיך נישט געשעמט מיט זייער ייִדישקייט; אַפֿילו מאַניפֿעסטירט זייער ייִדישקייט, געגאַנגען אין פֿײַער אַרײַן פֿאַר זייער גלויבן. שוין דאָס אַליין וואָס ווי אַ קליינע מינדערהייט אין דער קריסטלעכער סבֿיבֿה האָבן זיי געהאַט זייערע אייגענע מלבושים און זיך אַבסאָלוט אויסגעטיילט מיט זייער שטייגער כּלפּי־חוץ, געשאַפֿן זייער אייגן פֿאָלק־לשון, איז ממש צו באַוווּנדערן דעם זעלבסט־כּבֿוד, וואָס זיי האָבן אַרויסגעוויזן. בײַ אַלע באַגרענעצונגען האָבן ייִדן געהאַט דעם **מאָראַלישן** כּוח אָנצוהאַלטן זייער אייגן לעבן, דערצײַען דורות צו אַ מאָראַלישן לעבן. ביז אַ געוויסער צײַט זענען ייִדן אין די אייראָפּעיִשע לענדער געווען די איינציקע פֿעלקערשאַפֿט, וואָס האָט כּמעט נישט געוווּסט פֿון אַנאַלפֿאַבעטיזם. ייִדן האָבן געשטרעקט דאָס לעבן צו לערנען זייערע קינדער, בעת אין דער קריסטלעכער סבֿיבֿה האָט געהערשט עם־הארצות. אין טייל לענדער און תּקופֿות האָבן ייִדן געשפּילט אַ וויכטיקע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע ראָלע; אָן זיי האָבן די הערשערס נישט

געקענט אויסקומען. געטאָס! אַוודאי זענען געווען געטאָס, אָבער די מערהייט געטאָס האָבן ייִדן אַליין געשאַפֿן, כּדי צו לעבן זייער אייגן לעבן. אייגנטלעך עקזיסטירן ביזן הײַנטיקן טאָג געטאָס אין לענדער מיט אַ געמישטער באַפֿעלקערונג, מיט קלאַסן און שיכטן. אַפֿילו אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן, אינעם לאַנד פֿון פֿרײַהייט, אינעם לאַנד וווהין עס האָבן געשטראָמט פֿון אייראָפּע גערודפֿטע פֿעלקערשאַפֿטן, האָבן זיך אין דער זעלבער צײַט געשאַפֿן געטאָס: אירלענדער לעבן באַזונדער, איטאַליענער לעבן באַזונדער, שוואַרצהויטיקע לעבן קאָנצענטרירט אין געטאָ־קוואַרטאַלן. אויך ייִדן האָבן זיך קאָנצענטרירט אין באַזונדערע גאַסן, קאָמפּאַקט, ווי אין געטאָס. אין לאָנדאָן, אין דער הויפּטשטאָט פֿון קלאַסישן דעמאָקראַטישן לאַנד, האָבן ייִדן געשאַפֿן אַן אייגענעם געטאָ, ווייטשעפּיל.

אַוודאי האָבן ייִדן געליטן פֿון רדיפֿות, פֿון דיסקרימינאַציע און אומרעכט. און אַן אומבאַשרײַבלעכע אָרעמקייט האָט געהערשט אין די שטעט און שטעטלעך פֿון מיזרח־אייראָפּע, אָבער אַ סך שיינקייט, אידעאַליזם און מענטשלעכקייט האָט געהערשט אין ייִדישן לעבן. דאָס נײַע ארץ־ישׂראל איז אויפֿגעבויט געוואָרן דורך די אידעאַליסטן אין די מיזרח־אייראָפּעיִשע שטעט און שטעטלעך; די ייִדישע מדינה איז אויפֿגעבויט געוואָרן דורך די פּיאָנערן וואָס האָבן זיך דערצויגן **דאָרט, אין די ״געטאָס״.** זענען געקומען די ״פּלאַגיאַטאָרן״ פֿון דער רעליגיעזער דעפֿיניציע ״גלות״ און פֿאַרשפּרייט אַ בילבול אויף די ייִדן אין גלות, אַז זיי זענען געווען מענטשן אָן זעלבסט־כּבֿוד; זיי האָבן גאָרנישט געטאָן נאָר געטאַנצט מה־יפֿית פֿאַר די פּריצים; האָבן זיך באַדינט מיט שפֿלער שתּדלנות און אַרומגעגאַנגען פּוסט־און־פּאַס — שטעקלעך־ייִדן... אויף אַזוי ווײַט האָט זיך דער בילבול אָנגענומען, אַז אַפֿילו נאָך הײַנט, אין מדינת־ישׂראל, טאָמער וויל מען באַצייכענען עמעצנס נישט־ערנהאַפֿטיקע אויפֿפֿירונג, זאָגט מען אויף אים, אַז ער איז אַ גלותדיקער, אַז ער האָט די פּסיכאָלאָגיע פֿון אַ גלות־ייִד.

אויף ווי ווײַט די אומבאַגרענעצטע נעגאַציע פֿון גלות (״שלילת הגלות״) האָט געהאַט פֿאַרסמט די נשמות פֿון דעם יונגן דור אין ארץ־ישׂראל פֿאַר דער אַנטשטייונג פֿון דער מדינה, זאָגט עדות די אין די פֿערציקער יאָרן געשאַפֿענע באַוועגונג זיך אָפּצורײַסן פֿונעם ייִדישן פֿאָלק אין דער וועלט און שאַפֿן אין ישׂראל אַ נײַע נאַציע — נישט פֿון ייִדן, נאָר פֿון העברעער (עבֿרים) — בשותּפֿות מיט איסלאַמישע און קריסטלעכע פֿעלקערשאַפֿטן אין דעם ראַיאָן, בתּנאַי זיי זאָלן רעדן עבֿרית. נו, די דרוזן, שיאיטן, סונים, טשערקעסן, בעדויִנער, קאַטאָליקן, מאַראָנען האָבן די ״אָפּערטע״ צו ווערן

עבֿרים נישט אָנגענומען און די נײַע נאַציע איז געבליבן הענגען אין דער לופֿטן.

ס'איז אַ היסטאָרישער פּאַראַדאָקס, וואָס די אידיי צו שאַפֿן אַ ייִדישע מדינה איז אויפֿגעקומען מיט דער סעקולאַריזאַציע בײַ ייִדן און מיט דער אַנטוויקלונג פֿון דער אַסימילירטער ייִדישער אינטעליגענץ אין איר שטרעבונג זיך אײַנצוגלידערן אין דער קולטור פֿון די לענדער, וווּ זיי האָבן געלעבט: טעאָדאָר הערצל, מאַקס נאָרדוי, י.ל. פּינסקער און זיי ענלעכע. אַ רעליגיעזע ייִדישע באַוועגונג האָט זיך אָנגעשלאָסן צום ציוניזם ערשט אויף דעם פֿערטן ציוניסטישן קאָנגרעס, אָבער אויך מיט אַ באַוואָרעניש פֿאַר זעלבשטענדיקער טעטיקייט אָן דער אינגערענץ פֿון די אַסימילאַטאָרן...

די מענטשלעכע געזעלשאַפֿט אין דער וועלט איז אָרגאַניזירט אין מדינות, אָדער אין שבֿטים אויף זעלבשטענדיקע טעריטאָריעס. אַפֿילו ווי אַ וועלטפֿאָלק האָבן ייִדן די זעלבע רעכט צו האָבן אַן אייגענע מדינה ווי די פֿראַנצייזן, האָלענדער, צי די שפּאַניער! אָבער די רעליגיעזע בענקשאַפֿט צו שיבֿת־ציון און וואַרטן אויף משיחן, האָט פֿון איין זײַט פֿאַרמיטן אַלע געשיכטלעכע מעגלעכקייטן צו שאַפֿן אַן אייגענע מדינה, ווי אַנדערע פֿעלקערשאַפֿטן האָבן פֿאַר זיך געשאַפֿן, און פֿון דער צווייטער זײַט אויפֿגעבויט די דראַמע גלות. ס'איז אַן אַבסורד צו זאָגן, אַז אַ פֿאָלק וואָס לעבט אָן אַן אייגענער מדינה במשך קרובֿ צוויי טויזנט יאָר, לעבט אין גלות. אויב אָננעמען די טעאָריע פֿון גלות ווי אַ ריכטיקע, לעבט די גאַנצע וועלט אין גלות, נאָר זי וואַרט נישט אויף אַ משיח...

וואָס שייך דער קריסטלעכער וועלט, וואַרט זי נישט אויף אַ דערלייזער: פֿאַר איר איז דער דערלייזער (קריסטאָס) שוין געקומען. רעליגיעזע ייִדן וואַרטן אויף משיח בן־דוד, ער זאָל קומען און זיי אויסלייזן פֿונעם גלות. דער ליובאַוויטשער רבי האָט דאָ אַנומלט מבֿשׂר געווען דורך גראַנדיעזער רעקלאַמע און דורך אַלע מעדיאַס, ייִדן זאָלן זיך צוגרייטן אויפֿצונעמען דעם אויסגעבענקטן משיח, נישט געקוקט דערויף וואָס מלכות־ישׂראל, אַפֿילו ווען אָן אַ מלך, נאָר בלויז מיט אַ פּרעזידענט, איז אויפֿגעריכט געוואָרן דורך אַפּיקורסים, וואָס האָבן נישט געוואַרט אויף משיחן; דער קאָלעקטיווער משיח איז נולד געוואָרן דווקא אין גלות מיזרח־אייראָפּע. זעט אָבער אויס, אַז דער גלות איז אַרײַן אין ייִדישן בלוט אַזוי טיף אַז נישט בלויז רעליגיעזע ייִדן קענען נישט לעבן אָן דעם גלות־קאָמפּלעקס, וואָס איז געוואָרן אַ טייל פֿון דער רעליגיעזער פֿילאָסאָפֿיע, נאָר אויך די אויסגעלייזטע פֿון גלות, די ציוניסטישע מנהיגים, האָבן געשאַפֿן אַ גלות אויך אין ארץ־ישׂראל; דעם גלות האָבן זיי געשאַפֿן

אויך פֿאַר אַזעלכע ייִדן, וואָס שאַפֿן גײַסטיקע ווערטן אין ייִדיש־לשון און זיי טראָגן מיט זיך אַלע המשכים פֿון דער גײַסטיקער קולטור בײַם ייִדישן פֿאָלק, אַרײַנגערעכנט די וווּנדערלעכע מיזרח־אייראָפּעישע קולטור, וואָס האָט באַוויזן נאַציאָנאַלע וווּנדער קעגן אַלע פֿאָרמען פֿון אַסימילאַציע. אין אָט דעם גלות איז אויך דער שרײַבער פֿון די שורות צוזאַמען מיט אַלע ייִדיש־שרײַבערס, פֿריִער אין פּאַלעסטינע דערנאָך אין מדינת־ישׂראל, אַרײַנגעטריבן געוואָרן מיט גאַרנישט קיין איידעלע מיטלען.

אויב עס האַנדלט זיך אין **גײַסטיקע לײַדן** איז קיין שום ייִד, אין וואָסער עס איז גלות, נישט געפּרוווּט געוואָרן מיט אַזעלכע לײַדן, ווי עס זענען געפּרוווּט געוואָרן ייִדישע שרײַבערס אין דעם גלות ארץ־ישׂראל — מדינת־ישׂראל; אַ שרײַבער אין ייִדיש אינעם גלות מדינת־ישׂראל איז ווי אַ בירגער מחויבֿ אויסצופֿירן אַלץ וואָס דער אַפּאַראַט פֿאָדערט פֿון אים ווערדליך דער געזעצגעבונג: צאָלן שטײַערן און אַלע סאָרטן צאָלונגען, אַפֿילו אַזעלכע וואָס זענען קעגן אים; ער, זײַנע קינדער און אייניקלעך זענען מחויבֿ צו דינען אין דער אַרמיי, אָבער ווי אַ שרײַבער, ווי אַ ממשיך פֿון גרויסער קולטור, פֿון דער גרויסער ייִדיש־קולטור איז ער אין אַ חרם, און ער איז עלנט, ווי ער וואָלט געלעבט אין אַ מידבר. די מלוכה־מעדיאַס, אײַנשליסנדיק דער העברעיִשער פּרעסע, זענען אָפֿן אַפֿילו פֿאַר פֿרעמדע שרײַבערס, וואָס ערשט נעכטן־אייערנעכטן האָבן זיי אָנגענומען אַן אַלף־בית, אָבער פֿאַר ייִדישע שרײַבערס זענען די מעדיאַס געשלאָסן. אַ ייִדיש בוך, מעג עס זײַן פֿון גאָר הויכער קוואַליטעט, וועט נישט זוכה זיין באַהאַנדלט צו ווערן אין וואָסער עס איז מעדיאַ (אויסער אין דער ייִדישער געטאָ־ראַדיאָ־טראַנסמיטירונג פֿון 25 מינוטאַלעס אין אַ מעת־לעת).

מיט אַ צײַט צוריק האָב איך אין אַן אַרטיקל אי״נ ״נאָך אַ האַלבן יאָרהונדערט״ (״ישׂראל־שטימע״ 1.6.1992) דערציילט וועגן זיבן ייִדן פֿרעמדשפּראַכיקע שרײַבערס, וואָס האָבן געהאָפֿט צו באַקומען דאָ אַ היים און לסוף האָבן זיי געפֿונען אַן אומבאַשרײַבלעכע איינזאַמקייט, וואָס זיי האָבן בשום־אופֿן נישט געקענט איבערהאַלטן. בײַ דער ערשטער מעגלעכקייט זענען זיי פֿון דאַנען אַנטלאָפֿן אין גלות — וואָס פֿאַר אַ פּאַראַדאָקס! — און זיי זענען אויסגעלייזט געוואָרן... צווישן זיי האָט זיך געפֿונען אַן אייניקל פֿון דעם העברעיִשן שרײַבער און גאַליציאַנער משׂכּיל מרדכי־דוד בראַנדשטעטער, ראָמאַן בראַנדשטעטער. פֿאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה, אין וואַרשע, איז ראָמאַן בראַנדשטעטער געווען דער רעדאַקטאָר פֿון דער ציוניסטישער סטודענטישער צײַטשריפֿט אין דער פּוילישער שפּראַך. ווי אַ פּליט אין ווילנע, האָט

ער צוזאַמען מיט זײַנע חבֿרים: דוד לאַזאַר (שפּעטער מיטרעדאַקטאָר פֿון דער צײַטונג "מעריב") און דעם ברודער פֿון משה קליינבוים (סנה) אײַנגעלייגט וועלטן צו דערגרייכן פּאַלעסטינע, פֿאַר וועלכער ער האָט געקעמפֿט אין זײַן צײַטשריפֿט. ווײַל ער האָט געשריבן אין דער פּוילישער שפּראַך, איז ער געוואָרן אַ "נטע זר", אַ פֿרעמד געוויקס, ווי עס ווערט דאָ באַצייכנט אַזאַ מין עלנטקייט, וואָס ער האָט בשום־אופֿן נישט געקענט איבערהאַלטן. ווי נאָר די מלחמה האָט זיך געענדיקט, איז ער אַוועק קיין רוים, דאָרט אָנגענומען דעם קאַטוילישן גלויבן און חתונה געהאַט מיט אַ שוועסטער פֿון אַ פּוילישן קאַרדינאַל. ער האָט זיך צוריקגעקערט קיין פּוילן און דאָרט עולה־לגדולה געוואָרן ווי איינער פֿון די פּאָפּולערסטע דראַמאַטורגן.

נאָך מער דראַמאַטיש איז געווען דער גורל פֿון דעם דיכטער און סאַטיריקער סטאַניסלאַוו יעזשי לעץ. לעץ האָט אין די מלחמה־יאָרן דורכגעמאַכט עטלעכע קאָנצענטראַציע־לאַגערן און על־פּי־נס אַרויס פֿון גיהנום אַ לעבעדיקער. פֿאַר דער מלחמה האָט לעץ געהאַט סימפּאַטיעס פֿאַרן קאָמוניזם און אין דעם זכות איז ער פֿון דער פּוילישער רעגירונג נאָך דער מלחמה נאָמינירט געוואָרן ווי קולטור־אַטאַשע בײַ דער פּוילישער אַמבאַסאַדע אין ווין. ווען נאָך דעם אויפֿקום פֿון מדינת־ישׂראל איז אין ווין עטאַבלירט געוואָרן די ישׂראלדיקע אַמבאַסאַדע, האָט לעץ אויף איינע פֿון די דיפּלאָמאַטישע קבלת־פּנימס באַקענט די ישׂראל־דיפּלאָמאַטן. האָבן זיי צוגערעדט לעצן, אַז אַזוי ווי ער איז אַ ייִד, דאַרף ער איבערלאָזן די פּוילישע אַמבאַסאַדע און צוזאַמען מיט דער משפּחה קומען קיין ישׂראל. אין ישׂראל וועט מען אים אויפֿנעמען ווי אַ מלך און ער וועט באַזאָרגט ווערן מיט אַלע גליקן. דער סוף פֿון דער לאַנגער מעשׂה איז געווען, אַז אין ישׂראל איז ער געבליבן אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ, אָן ברויט פֿאַר זײַנע קינדער און ער איז געוואָרן אַ נאַכט־שומר צו היטן די ציגל און די זעק צעמענט בײַ הײַזער וואָס בויען זיך. מתּוך פֿאַרצווייפֿלונג האָט ער זיך געוואָנדן צו דער פּוילישער רעגירונג, זי זאָל אים מוחל זײַן, אים לאָזן צוריקקומען קיין פּוילן. אַזוי ווי לעץ איז געווען דער בעסטער סאַטיריקער אין דער מאָדערנער פּוילישער ליטעראַטור, איז אים דערלויבט געוואָרן צוריקצוקומען, בתּנאַי, ער זאָל אַ יאָר צײַט נישט פּובליקירן קיין איין וואָרט אין דער פּוילישער מעדיאַ. מיט אַ יאָר שפּעטער איז סטאַניסלאַוו יעזשי לעץ געוואָרן די קרוין פֿון דער פּוילישער סאַטירע און דיכטונג און זײַנע ווערק זענען איבערגעזעצט געוואָרן אין מער ווי אין אַ צענדליק שפּראַכן...

וואָס איז דער ענטפֿער אויף דער פֿראַגע פֿאַרוואָס ייִדיש־שרײַבערס אין ישׂראל האַלטן אויס דעם חרם און די עלנקייט — אַ גלות וואָס האָט נישט קיין גלײַכן? דער ענטפֿער איז אַ פּשוטער: ייִדיש־שרײַבערס זענען נישט געקומען צו ארץ־ישׂראל ווי יענע אַסימילאַטאָרן מתּוך ייִאוש הלמאַי די גויים האָבן זיי נישט געוואָלט אַרײַננעמען צו זיך; ייִדיש־שרײַבערס זענען געגאַנגען אין אַ חדר, געלערנט אין אַ ישיבֿה, איז ארץ־ישׂראל נישט געווען פֿאַר זיי אַן אידעאָלאָגיע. דער ערשטער פּייסאַזש, וואָס ייִדיש שרײַבערס האָבן קינדווײַז געפֿילט, איז געווען דער פּייסאַזש פֿונעם חומש, פֿון דער תּורה — ארץ־ישׂראל. זענען זיי שפּעטער מיטגעריסן געוואָרן מיטן פֿאַלקסשטראָם וואָס דער ציוניזם האָט געשאַפֿן. אַ ייִדיש־שרײַבער אין ישׂראל האָט נישט געזוכט קיין פּאָליטישע צי סוכנותישע קאַריערע; ער האָט געזוכט אַ טאָג אַרבעט, וואָס איז אָפֿט פֿון אים פֿאַרמיטן געוואָרן, ווײַל ער איז אַ שרײַבער אין ייִדיש: אַ ייִדישער שרײַבער האָט געזוכט אַ פּלאַץ אין אַ קיבוץ און אויך דאָרט ממשיך געווען צו שרײַבן זײַנע דערציילונגען און לידער, וואָס האָבן באַזונגען ארץ־ישׂראל. אין קיבוץ האָבן זיי געפֿונען דעם טראָפּן טאָלעראַנץ, זיי זאָלן נישט פֿיבערן אין עלנטקייט. דאָס איז דער מאָטיוו הלמאַי ייִדיש־שרײַבערס נעמען אויף דעם גלות אין ישׂראל, ווי רעליגיעזע ייִדן נעמען אויף דעם גלות בנוגע ארץ־ישׂראל, מיט דער האָפֿענונג אויף דערלייזונג...

**1994**

